משה שימעל : מיר אַיז אומעטיק

הילע געצייכנט — ע. ליגדען—מיכאַלאָוויטש /געזעצט ר. ראָטענבערג,
m. szymel : „mir iz umetik“ / drukarnia : „Grafia“
Warszawa / copyright 1937 by wydawnictwo a. b.
cerata, warszawa — wiedeń / printed in poland

פ ע ן ־ ב י כ ע ר

משה שימעל

# מיר איז אומעטיק

1 9 3 7

א. ב. צעראטא, פארלאג, ווארשע—ווין

ניש כ׳רעד מיט ביטערקייט און נישט מיט גאַל,
איך זוך אַ סטעזשקע אין די וועלדער פון פאַרפאַל,
ווי אַלע מיר, וואָס טאַפּן־אָן דעם טרויער,
ווי ס׳הייסט לייב פון שלאָפנדיקע פרויען,

## פּראָזאַישע ווענדונג

אַ, ליבע פריילין, פון דער צוקונפטיקער צייט,
וואָס איז פאַר מיר פאַרנעפּלט נאָך און ווייט —
ווען וועסט מיין ביכל נעמען אין דער האַנט,
דערמאָן זיך אין מיין טרויעריקן באַשטאַנד.

איך האָב געלעבט נאָר מיטן כוח פון אינערץ
און כ׳האָב אין לעבן מיינעם גאָרנישט נישט דערוואָרבן,
כאָטש מ׳האָט געזאָגט, כ׳פאַרשטיי די קונסט פון פערז,
בין איך פאַר הונגער, יעדן טאָג געשטאָרבן.

ווייל אין מיין צייט האָט מען געהאַלטן נאָך פאַר גוט,
אַז אַ פּאָעט זאָל שפּייען טאָג און נאַכט מיט בלוט
און דערביי נאָך דינען פּעסט און טריי
אַ פּאָליטישער פּאַרטיי.

איך האָב געשטרעבט צו זיין אַ בירגער, פונקט ווי אַלע
ווייל כ׳האָב מיין פונקציע פּינקטלעך אויסגעפירט.
נאָר ס׳איז די צייט געווען אַ פאַטאַלע
און לידער האָבן קיינעם נישט גערירט.

איז האָב איך זיי געזאַמלט דאָ אין ביכל
פאַר מיר, פאַר דיר, פאַר קיינעם מער —
איצט נעם אַרויס אַ זיידן טיכל
און טו אַ זיפץ און לאָז אַ טרער.

## ביי דער באָבעשי
## צו גאַסט

גוטנאָוונט באָבעשי. איך קום פון טייכל.
מען קאָן דיך צו לבנה-שיין פאַרגלייכן.
אין זילבער-ליכט שווימט אָפּ צום מאַרק דאָס געסל.
כ'בין מיד, כ'בין הונגעריק. דערלאַנג דאָס עסן.

די וועלט איז גרויס, נאָר אונזער הארץ איז גרעסער.
ס'קאָן אומעטום זיין גוט, נאָר דאָ איז בעסער.
ס'איז לייכטער אויסצוטראָגן דאָ דעם טרויער.
דער אָוונט איז דאָ גרעסער, וואַרימער און בלויער,

דאָ אין דער נידער ווערט מען אויפגעהויבן.
ס'איז לייכטער זינגען דאָ און גאָט צו לויבן
און לייכטער צו פאַרגעסן וואָס נישט וויכטיק
ווען ס'שווימט דער ווייטער הימל גרויס און ליכטיק.

עס הויבט זיך אָן די וועלט ביים ברונעם און ביים בריקל.
מיט זיסער שטילקייט וועסטו מיך באַגליקן —
כ'טרינק אויס אין מילך דעם זאַפט פון ערד און הימל,
כ'געניס דאָס פעלד, ווען כ'עס דיין ברויט מיט קימל —

איך האָב געזוכט און איצט מיין טייערע, איך האָב עס
די וועלט איז שיין, נאָר דאָ ביי דיר איז שענער.

פון בלאָנדע מיידלעך ווערן ווייסע באָבעס,
פון קליינע יינגלעך ווערן אַלטע מענער.

דו שמייכלסט באָבעשי: ס׳איז נישט קיין נייעס,
איך ווייס דערפון מיין ליבע, איך פאַרשטיי עס —
אין זילבער־ליכט שווימט אָפּ צום מאַרק דאָס געסל.
איך האָב עס ליב. איך קאָן עס נישט פאַרגעסן.

די נאַכט פאַלט צו און שלעפערט איין אונז ביידן.
כ׳בין גליקלעך, וואָס מיר זעען זיך אין פריידן —
אין זילבער־ליכט שווימט אָפּ צום מאַרק דאָס געסל —
איך האָב עס ליב. איך קאָן עס נישט פאַרגעסן.

אָ, שטילע, זיסע נאַכט פול ווינט און טרוימען,
עס זילבערט זיך אין נאַכט־ליכט אונזער קוימען —
שלאָף רויִק באָבעשי, וואָס דאַרפסטו זאָרגן —
דער טויט וועט וואַרטן ביי דער טיר. ביז מאָרגן.



# ליריק

צי וואָס דאָס זוכן און צי וואָס דאָס גיין —
צי וואָס אַנטלויפן און צי וואָס זיך ווערן —
די ברעזע קלאַפּט אין שויב. זי וויל אַריין.
כ׳זאָג שטיל: ס׳איז אָוונט. און עס פאַלט אַ שטערן.

צי קאָן איך דען אַנטלויפן און צי כ׳מעג,
אַז פונם דאַך רינט זאַנפט אַראָפּ לבנה־רעגן —
צי איז פאַראַן אויף גאָרער וועלט אַ וועג,
ווו דו, די שטילע, זאָלסט נישט קומען מיר אַנטקעגן?

פון צווישן בלעטער רויש, דעם זילבערנעם איך הער:
דו גייסט, אָ, אומפאַרמיידלעכע, ווי אַ געוויטער — —
אַ גרויער קוסט, אַ צוגעטוליעטער צו דר׳ערד —
איך שטיי צעבליצט און שטום צעציטערט.

עס שמעקט. עס בליצט. ווי זיס איז דיין געגענען,
ווי זיס די אַנהייב און דער ווינט, וואָס ברענגט דיך מיט —
ווי לייכט, ווי לייכט עס איז דיך צו דערקענען,
אָ, צאַרטע רייפקייט פון אַ מענטשלעך ליד — — —

## אויף אַ הילצערנער באַנק

דאָ, אויף דער הילצערנער באַנק,
ווען מיר וואַרטן אויפן זון-פאַרגאַנג.
ווי מיט טויזנטער יאָרן צוריק מיר האָבן געוואַרט.
ער וועט קומען באַשטימט. ער האָט אונז קיינמאָל נאָך נישט אָפּגענאַרט.

מיר האָבן שוין אַדורכגעמאַכט אַזויפיל מיילן...

איצט כוואַליעט זיך דער אָוונט איבער אונז מיט שטויבן גאָלד—
איצט קאָנען מיר זיך שטיל דערציילן,
שטיל און שיין
וועגן דעם, וואָס מיר האָבן געוואָלט
און וועגן דעם, וואָס וועט נישט זיין.

גרויס איז די מי.

דערלאַנג מיר, טייערע, דיין האַנט אין אָוונט-גלי.
דערלייז, פאַרגיב מיר און פאַרשטיי — —

ווייל גיין מיט אויגן אָפענע טוט ווי...



## אַ הילצערנע באַנק ביינאַכט

ווען לשון באַקומט די הילצערנע באַנק,
פאַרשטיי איך ערשט נאָך וואָס עס טוט איר באַנג:
אַ גאַנצן טאָג אויף דער זון געווען,
מיט שאָטנס מיט בלויע פון בלעטער באַשיט,
דעם הימל געזען,
געזונגען און געבליט — —

און איצט — ביים פענסטער, אויף צעקרומטע פיס
שטייט זי און גאַפט און ווייסט נישט ווו זי איז...
עס האָט זיך אויף איר די לבנה מיט ציטער צעלייגט
און רעדט צו איר עפּעס מיט שטילע זילבערנע רייד.

קען דען אַ הילצערנע באַנק פאַרשטיין,
וואָס די לבנה מיינט?
צי וויל זי טרייסטן, צי וויל זי שטראָפן?
שרעקט זיך די הילצערנע באַנק און קאָן נישט שלאָפן,
און קוקט אַרויף צום פענסטער, וואָס בלויט...

קוק איך אויך און טראַכט:
וואָס קאָן דען וויסן אַ מענטש פול מיט טויט
ווען אַ הילצערנער באַנק, וואָס קאָן נישט שלאָפן ביינאַכט...

## בּרעזעס בּײַנאַכט

וואָס שושקען זיך אַזוי די בּרעזעס הינטער מײַן טיר,
וואָס רעדן זיי אַזוי בּיז טיפער נאַכט — —
כ'האָב שוין דאָס פענסטער פאַרמאַכט,
כ'האָב פאַרשלאָסן שוין די טיר.
וואָס סודען זיי זיך דאָרט בּיז טיפער נאַכט,
וואָס ווילן זיי פון מיר?

קלאַפּן אין שויב, דראַפּען אין טיר,
ווײַזן מיר אויף עפּעס אָן — — —
דער הימל בּאַשאָטן מיט שטערן, ווי מאָן,
שווימט לבנהק אַריבּער מײַן דאַך.

ווּ זאָל איך גיין אין דער טיפער נאַכט,
אַז נישט איך ווייס, צי רוישן זיי פאַר ווייטיק, צי פאַר פרייד?
כ'פאַרשטיי דאָך נישט קיין בּלעטער־רייד.

אָ, בּרעזעס בּאַפּינקלטע מיט שטערן?
וואָס איז אײַך?
פאַרוואָס קאָנט איר נישט אַנטשלאָפן ווערן — — — —



## די שאַנק

מיך האָט אַ בּלאָנדער סטאָלאַר געמאַכט
און אַוועקגעשטעלט בּיי דער וואַנט.
שטיי איך מיר אַזוי בּײַנאַכט
און בּענק נאָך זײַן צאַרטער האַנט
און טראַכט:

אָט שטיי איך דאָ צווישן פיר פּוסטע ווענט.
צי וואָס האָט מיך דער סטאָלאַר בּאַפּוצט און בּאַצוואָגן,
אַז ס'זאָלן מיך פרעמדע און בייזע הענט
פון איין אָרט צום אַנדערן טראָגן?

צי ווייסן דען זיי,
אַז דאָס וואָגלען טוט מיר וויי?
ווייסן דען מענטשן, וואָס זענען שטאָלץ,
אַז האָלץ איז לייבּ און לייבּ איז האָלץ!

שטיי איך צעפּינקלט, קאַלט און שוואַרץ
און ווער נאָר ס'וויל קוקט אַרײַן אין מײַן האַרץ,
קוקט אַרײַן, שטופּט אַרײַן פרעמדע זאַכן אַ סך —
מוז איך ס קריפּען און מענטשן מיינען, אַז איך לאַך.

אוי, ווי שווער איז צי טראָגן פרעמדע זאַכן אין זיך,
פרעמדע קליידער און היטן, פרעמדע שירעמס און שיך,
ווען לבנה בּאַטאַפּט מיך מיט פינגער פון גלאָז
און ס'דערמאָנט זיך מיר עפּעס און כ'געדענק שוין נישט וואָס...

# זומער

זומער. די נעכט זענען קילעכדיק, ווי לבנהס.
כ׳האָב ליב די אויפגעשויבערטע גראָזן און דאָס פּנים
פון אַ פרוי
אין גאַנג אויף זילבער-סטעזשקעס טיף אין וואַלד — — —

ס׳איז בלוי
און עס שטראַלט
די טיפע איינזאַמקייט אַרויס
פון אונטער טריט —
פול איז די נאַכט מיט אַלץ, וואָס רוישט און בליט
און גוט איז איצט אַזוי,
ווי פאַרן שרייבן אַ ליד
ווען פענסטער אָפענע צום ווינט, צו נאַכט
און ווען ווייסע הענט אויף אויגן, וואָס זענען פאַרמאַכט.



# מאָראַליזאַטאָריש ליד

שלאָגט נישט קיין פערד, באַשווערט נישט קיין טישן מיט צו-
שווערער לאַסט.
בריט נישט די זון מיט אויגן אייערע אָן ברילן.
קושט דעם מענטש, די לבנה און די שטיינער אויף דער גאַס.
פאַרטראַכט זיך, ווי הילפלאָז און איינזאַם עס זענען טרער און תפילה.

זעט, ס׳זאָל דער האַלז נישט פייניקן דעם קאָלנער. ס׳הייסט נישט גאָט.
שטעכט נישט מיט פענעס גרויזאַמע די אומשולד פון פּאַפּיר.
באַפרייט דאָס וואַסער פון העלישן זאָט.
לאָזט נישט ווײנען אין די נעכט פאַראיינזאַמט דאָס קלאַוויר.

פאַרוואָס טוט אייך נישט באַנג:
די הילצערנע באַנק,
די לאָמפּ, די שפּין
און אָוונטיקע אויגן, וואָס זענען פייכט און גרין.

פאַרטיליקט נישט קיין פייגל. האַקט נישט קייןביימער. שלאָגט
נישט דאָס קינד.
נישט קויפן זאָלט איר בלומען פאַר די גירלס פון שאַנטאַן — —
זאָל אייך צום האַרצן זיין דער ווינט
און דאָס פינקלדיקע פינטעלע פון אַעראָפּלאַן.

געדענקט, אַז נישט באַוויינען זאָלט איר מער דעם האַרבסט
און דעם שניי.
צו וואָס פאַרבלוטיקן דאָס אייגענע האַרץ?
עס טוט דאָך וויי...

## ראָס ראָד

כ׳האָב גאָרנישט פאַרלוירן. כ׳וועל גאָרנישט געפינען.
כ׳מוז אויפגיין און זינקען. כ׳מוז וויאַנען און גרינען.
כ׳מוז זינגען און שווייגן, כ׳מוז וויינען און לאַכן,
באַצווינגען פון גאָט, וואָס מאַכט שרייען די זאַכן.

דער אָוונט באַרוישט מיט זיין שטילקייט דעם בוים.
דער בוים פאַלט מיט שאָטן אויף שקיעה פון וואַסער.
פאַרוואָס בין איך צו מיט די ליפּן צום בוים,
ווען ס׳האָט זיך פאַרלאָשן די רויטקייט אין וואַסער —

מען קאָן פון דעם ראָד נישט אַרויס, און דאָס ליד
וואַקסט אָן אַן אָנהויב און ווייסט נישט נאָכוואָס.
(אַ פליג ביי אַ שויב, וואָס וויל דורכברעכן גלאָז,
זשומעט און קלאַפּט, ביז זי פאַלט אַוועק מיד).



## לאַנדשאַפט

אַ וואָגן שטרוי בלויט אויפן וועג אין פריער שעה.
טוי רינט פון די ביימער און טוי — אויפן גראָז.
אַרום איז קיינער נישטאָ.
דער ווינט בלאָזט.

אָט איז אַ לאַנדשאַפט. די לאַנדשאַפט איז ווייט.
וואָגן. טוי. שטרוי. ביימער און גראָז.
אַ יעדעס וואָרט שרייט,
ווייל נישט פון טוי און נישט פון שטרוי און נישט פון גראָז
איז דאָס וואָרט. נאָר פון גלאָז,
פון שיינעם גלאָז, וואָס וועט אַמאָל צעבראָכן ווערן,
פון גלאָז, וואָס פאַרשטעלט די שטערן
מיט דער קלאָרקייט פון פאַלשן בלוי.

אָ, גאָט מיינער, נישט אַזוי
האָב איך געמיינט מיט מיין וואָרט —
איך האָב געמיינט דערנענטערן דעם טוי און דאָס גראָז
צום מענטשנס מויל, וואָס דאָרשט —
איך האָב נישט געוווסט, אַז דער גאָרטן
בלייבט אין וואָרט נאָר — אַ וואָרט
און אַז עס וועלן קיינמאָל זיך נישט הערן אויפן זאַמד
די טריט פון מענטשן, גייענדיקע האַנט ביי האַנט
צום ראַנד פון האָריזאָנט,
וואָס גליט
אין מיין ליד...

* * *

טייערע,
איך בין נישט קיין פּאָעט.
איך בין אַ מענטש פול טרויער און טויט,
ווי דו, ווי אַלע מיר —
מיט הויט און ביין, מיט פלייש און בלוט.

איך רעד שטיל,
מען זאָל מיך בעסער הערן.
איך דערצייל וועגן זיך און וועגן דיר,
דאָס הייסט, וועגן אַלע,
וועגן דער וועלט,
וואָס איז פאַרהוילן און פאַרשטעלט
און שיין,
ווי דו.

טייערע,
אין שיינקייט איז מער טרויער דאָ, ווי פרייד.
זי איז, ווי אַ לויטערער ווינט,
וואָס קומט און פאַרשווינדט,
ווי איך, ווי דו, ווי מיר אַלע.



אין די טיפע וועלדער פון פאַרפאַל
זוך איך אַ וועג צו מיר, צו דיר,
צו דער וועלט,
וואָס זינגט און שטאַרבט און בליט — —

דו ביסט שיין.
איך האָב דיך ליב.

צי איז דאָס אַ ליד?
ניין.

# פּאָעטן

צווישן ליימענע טעפּ, וואָס נאַכט פּילט אָן מיט טונקלקייט און שטערן,
און טאָג—מיט זון, וואָס זופּט זיך דורך צווישן בלעטער פייכטע און קאָלירטע,
שטאַרבן מיר טאָג-איין טאָג-אויס און ווערן,
ווייט-און נאָנט-פאַרווירטע.

מכלומרשט ציילן מיר דעם ריווח, חובות און היזקות פונם שייער,
מיר—אַריינגעוואַקסענע אין קראָמען אויף די מערק פון גאָרער וועלט.
מיר קריגן זיך, מיר צאָלן שטייער,
מירליידן הונגער, ליבע, איינזאַמקייט און קעלט.

נאָר אינדעראמתן: פילן מיר, מיט צינגער אָנגעגליטע קילע ביטערקייט
פון היכע נעכט.
ס׳איבערוועלטיקט אונז דער רוח-אלהים און וואַרפט אונז שפּעט ביינאַכט
אויף די געלעגערס.
מיר שטאַרבן און מיר לעבן אין אַ יעדער רגע
און ווייסן נישט, פאַרוואָס עס איז אונז שלעכט.

אָ, ווי עס טוען וויי אונז הימלען, וועלכע קומען אונז צו חלום יעדע נאַכט.
און אַלע אויגן, אַלע הענט, וואָס קוקן נישט און זוכן נישט מיט אונז—
און טירן, וואָס זענען פאַרמאַכט
און אַ יעדער קלאָר-דערפילטער ווונטש.

איז וואַרפן מיר חלומות אויפן ווינט, וואָס כוואַליעט זיך אויף אַלץ
און איבער אַלץ.



און שווימען אָפּ, און וויינען נישט, און בענקען נאָר
צו זון, צו וואַסער און צו וואַלד
און צום טיפן ריח פון אירע האָר.

פאַרטראַכט זיך, מיידל דו, מיט ליפּן רויט און הייס:
אַ היים, אַ רויִקע צו האָבן איז דאָך לייכטער, ווי אָן ווענט,
צו כאַפּן טרוימען בלויז מיט מענטשלעך-שוואַכע הענט,
אומעטיק און דרייסט—
און נישט צו ווערן מיד.

פאַרטראַכט זיך, מיידל דו, ווי שיין עס איז אַ נאַכט אַ גרויסע —
אין אַ ליד.

## צו דרייסיק יאָר

צו דרייסיק יאָר פֿאַרשווינדן אינעם ליד
די טויען און די פרויען און דאָס רוישיקע געמיט:
עס בליט שוין נישט, עס פינקלט נישט; עס גרויט
און צו אָפט הויבט אָן זיך איבערחזרן: דער טויט.

צו אָפט, צו אָפט, מיין גאָט, ווערט אומרויִק דאָס האַרץ
און שעמעוודיקער ווערט די האַנטביים אויסלייג פון די ווערטער.
כאָטש ס׳רירט נאָך אַלץ ביז טרערן דיך דער האַרבסט,
וואָס שווימט מיט הויכע ווינטן איבער גערטנער.

נאָר גוט, וואָס ס׳רירט ביז טרערן דיך דאָס קליינע גראָז,
דאָס גראָז, וואָס שפּראָצט ביים ראַנד פון שטילע וועגן
און גוט — אַז ס׳רירט די זון, וואָס פלאַקערט דיר אַנטקעגן,
ווי צעגליטע שטיקער גלאָז —

ווייל אַלץ, ווייל אַלץ אַרום — דאָס איז דיין היים,
ווייל אַלץ, ווייל אַלץ אַרום — ביסטו אַליין:
דער ווינט, די פרייד, דאָס גראָז, די שרעק —
אָ גאָט, ווי גוט איז צו פאַרשטיין
דעם גאַנג פון יאָרן און דעם ציל פון וועג.



## ג ו ט

ליב האָב איך דאָס, וואָס לעבט אין ליד:
פייגל, פריילנס אין בלויע היט.
אַ בוים, אַ גאַס, אַ וואַנט.
אַלץ, וואָס איז באַקאַנט מיר און וואָס נישט באַקאַנט.

און דאָס געוועזענע האָב איך ליב. און דאָס, וואָס ס׳איז און וואָס וועט זיין:
יריחוס מויערן,
און ברעזעס לעמבערגער, וואָס רוישן פרילינגדיק אין מיינע אויערן
און דעם קלוגן, שטומען שטיין,
וואָס וועט אַמאָל אַ זוניקער ביי מיין צוקאָפּנס שטיין.

ווייל אַלץ, וואָס לעבט טוט ווידערשפּעניקן דעם טויט.
(ער אָטעמט לעבעדיק דורך נאָזלעכער פון שוואַרצע קבורה-פערד,
ער ברויזט אַ ליידנשאַפטלעכער אין שקיעה-רויט).

דערפאַר זענען גוט:
די פייגל, די פריילנס אין בלויע היט,
דאָס בלוט
און קבורה-שטיינער, לייכט מיט שנייעלעך פאַרשיט.

## ליבע-געזאַנג

געלויבט זיי, גאָט, אין נעכט פון אומקום און אין נעכט פון אויפשטייג.
געלויבט זיי, גאָט, אין נעכט פון שטילקייט אויף די וואַסערן.
און אין נעכט פון שטורעמס און פון שניי.
און אויך אין נעכט פון טויט און פון פאַרצווייפלונג,
ווען ס׳וואַרפט זיך אומרויִק דאָס האַרץ און ס׳וואַקסט די שרעק—

געלויבט זיי, גאָט, אין נעכט פון באַנגן וואַרטן און אין נעכט
פון האָפנונג,
אין לאַנגע נעכט פון אויסקוקן דעם מאָרגן
און אויך אין נעכט פון פלאַמען און פון מאָרד —
געלויבט זיי גאָט.

דורך דיר ווערט הימל-הויך מיין שרעק
און הימל-הויך — מיין רו.
מיין גרויסקייט און מיין ווייניקייט ביסטו.
מיין באַגער און די נישט-דערפילונג,
מיין מילדקייט און מיין האַרבקייט,
מיין הונגער און מיין זאַטקייט,
מיין מידקייט און מיין האָפערדיקער גאַנג,
מיין געוויין און מיין געזאַנג —
ביסטו.

און אויך מיין לייגן זיך און אויפשטיין
און אָרעמס איינגעפלאָכטענע אין אָרעמס,



און ליפן אויף ליפן —
און מיין פאַרגעסן און מיין געדענקען,
מיין אַוועקגיין און מיין בענקען,
מיין פאַל און מיין פלי,
מיין אומרו און מיין רו
ביסטו נאָר, דו.

ניט גרעסער פאַר מיר
און נישט קלענער פון מיר.
אַזוי ברייט ווי איך.
אַזוי לאַנג ווי איך —
דיין מאָס.

די כלי, אין וועלכער ביסט פול —
בין איך.
און דו — מיין פענסטער צום הימל
און צום אָפגרונט — מיין טיר.

די פרוי, וואָס האָט מיך ליב —
ביסטו.
און אויך די פרוי, וואָס האָט מיך פיינט —
ביסטו.

דער קוש ביסטו
און דאָס מעסער אין רוקן
ביסטו.

דאָס פאַרלוירענע — דו
דאָס געפונענע — דו
דאָס באַגערטע און דאָס דערוואָרבענע.
דאָס לעבעדיקע און דאָס געשטאָרבענע —
דו, נאָר דו.



## פרילינג

עס עפנט זיך אַ טיר. דער רעגן רוישט.
קאַרטאָפל-שאָלן פוילן אין אַ קויש.

אַן אָנגעדראָלן צווייגל קלאַפּט אין שויב.
ביים פענסטער וואָרקעט שטיל אַ נאַסע טויב.

דערהויב מיך, גאָט, כ'זאָל קאָנען גוט פאַרשטיין
דאָס זאַנפטע גראָז, וואָס שפּראָצט אַפער פון שטיין.

דערהויב מיך צו דער גרויסער פרייד פון גרינע פאַרבן,
איך זאָל נישט מורא האָבן פרילינג-צייט צו שטאַרבן.

# די פיר יאָרצייטן
# פון מענטש און זון

בכדי צו זען דעם פרילינג, מוז מען האָבן קלאָרע אויגן.
עס ווערט געזאָגט אין פערזן וועגן זון: זי לאַכט.
לאַכט זי? — ניין! דאָס האָט אַ מענטש אַ לאַכנדיקער אויסגעטראַכט.
בכדי צו זען דעם פרילינג, מוז מען האָבן קלאָרע אויגן.

בכדי צו זען דעם זומער, מוז מען אַלט זיין צוואָנציק יאָר.
עס ווערט געזאָגט אין פערזן וועגן זון: זי בליט.
בליט זי? — ניין! דאָס בליט זי, גליט זי אין אַ יוגנט-ליד.
בכדי צו זען דעם זומער, מוז מען אַלט זיין צוואָנציק יאָר.

קלוג מוז מען זיין, בכדי נישט מורא האָבן פאַרן האַרבסט.
עס ווערט געזאָגט אין פערזן וועגן זון: זי שטאַרבט.
שטאַרבט זי? — ניין! זי שטאַרבט נאָר אין אַ שטאַרבנדיקן האַרץ.
קלוג מוז מען זיין, בכדי נישט מורא האָבן פאַרן האַרבסט.

בכדי צו זען דעם ווינטער, מוז מען האָבן קלאָרע אויגן.
עס ווערט געזאָגט אין פערזן וועגן זון: נישטאָ.
איז זי נישטאָ? — ניין!
זי איז דאָ און אייביק וועט זי זיין. —

דאָס איז געקומען נאָר אויף אונז די שעה
פון פאַרגיין —
און פון צוריקקער אין אַ פרילינגס-רעגנבויגן.
ווייל בכדי צו זען דעם פרילינג, מוז מען האָבן קלאָרע אויגן.



# תפילה

אַן אייראָפּעער אין אַ אַנצוג לויטן לעצטן שניט,
אַן אַטעיִסט, אַ פּראָגרעסיווער מענטש
און דאָך — כ'בין שטיין געבליבן אינדערמיט
און כ'שטרעק צו דיר די הענט: דערלייז און בענטש.

ס'הענגט לעבערלעך אַראָפּ פון מיר דער אַנצוג, ווי אַ זאַק,
און קאָמיש איז דער מאָדישער קראַוואַט, וואָס ציט מיר איין דעם האַלז.
ווען ס'פלאַקערט אויף דער בליץ אין אַ זיגזאַג
און ס'דונערן די הימלען איבער אַלץ.

כ'האָב מורא און איך קום דערפאַר צו דיר.
נישט חנפענען, נישט בעטלען, נאָר פאַרצווייפלט
איך קלאַפּ מיט ביידע פויסטן אין דיין טיר
דו זאָלסט באַרויִקן און מיך באַגרייפן.

איך דאַרף דיך, ווי אַ מילדע מוטער און אַ היים,
איך דאַרף דיך, ווי די לופט און ווי דאָס ברויט, וואָס קומט
מיר אָן מיט בלוט
ווייל כ'בין אַליין
און כ'ווייס נישט, וואָס מען טוט.

איך קען זיך נישט קיין עצה געבן
נישט מיטן טויט
און נישט מיטן לעבן.

זיי מיט מיר בייטאָג און זיי ביינאַכט;
בייטאָג, ווען כ'לויף אַרום נישט וויסנדיק צו וואָס אויף לאַנגע גאַסן,
און ביינאַכט, ווען כ'האָב די טיר פאַרמאַכט
פאַר די, וואָס הרגענען און האַסן.

עס שטויסט צו דיר די שרעק מיך און דער טרויער שטויסט.
איך קאָן דעם טאָג און די נאַכט נישט פאַרשטיין.
די שאלות זענען צו גרויס
און די תשובות צו קליין.

נישט דער טרויער און נישט די פרייד איז קלאָר.
פאַרהוילן איז דעם מענטשנס געוויין.
איך קוש מיין מיידלס שוואַרצע האָר
און איך וויין.

פאַרוואָס? פאַרוואָס?

קליין איז די פרייד אַנטקעגן דעם צער —
און קליין, ווי אונטער די פיס דאָס גראָז,
איז דער „דערפאַר".

אָט שטיי איך איצט מיט טרויער־פולע זשמעניעס.
מענטשן זאָגן: דאָס איז נעווראַסטעניע —

כ'האָב פיינט דעם טויט שוין פשוט היפערטראָפיש.
מענטשן זאָגן: כ'טראַכט נישט פילאָזאָפיש...



וואָס האָב איך דען דערפון, צי ווערט מיר בעסער,
אַז כ'ווייס שוין יאָ די מאַרקע פון דעם מעסער,
וואָס שטעקט שוין אין מיין האַרץ — — —

דערפאַר, דערפאַר
קום איך טאַקע צו דיר.
פאַרגלעט די וווּנד, פאַרשטעל פאַר מיר די דראָענדע געפאַר
און קום אויף מיר,
ווי זאַנפטער פרילינג־רעגן —
איך זאָל נישט דאַרפן ענטפערן
און כ'זאָל נישט דאַרפן פרעגן.

* *
*

איך זוך אַן עצה, ווי אַ מענטש, וואָס איז מסוכּן קראַנק.
איך וויל אַנטלויפן פאַר דעם אונטערגאַנג.

איך זוך אַ קרובהשאַפט ביי גראָזן און ביי שניי.
אפשר וועל איך אויפגיין גאָר אין זיי.

נאָר ס׳העלפט מיר גאָרנישט. כ׳שריי. און ס׳טוט מיר וויי.

כ׳פאַל צו צו דר׳ערד מיט בענקשאַפט און מיט פרייד.
איך זוך אין איר צו מיר אַן ענלעכקייט.

נאָר זי איז גרויס און שמעקט מיט אייביקייט.

איך טאַפּ די ווענט, איך טאַפּ דעם טיש, די באַנק,
עס העלפט מיר גאָרנישט. כ׳בין מסוכּן קראַנק.
עס לויערט אין די נעכט אויף מיר דער אונטערגאַנג.

איך שעם זיך אויסצוזאָגן. כ׳בין פאַר בושה רויט,
אַז כ׳שרייב דאָס ליד, ווייל כ׳האָב באמת מורא פאַרן טויט.



## דריי שוועסטער

דריי שוועסטער — מיידן מיאוס און אַלט,
שווימען אין רויש פון טיפן וואַלד
צום טויט-ברעג, וואָס גליווערט.

רות שווייגט מיט רויזען און רויזע מיט ריווען
וועגן חתונה-קליידער, וואָס פוילן אין קאַסטן און גרינען,
ווי מאָך אויף די שינדלען.
רות איז אַ הויקער, רויזע—אַ לאָמע און ריווע—אַ בלינדע.

דער הויקער ברענגט וואַסער פון קוואַל; זי וויינט און זי שעלט.
די לאָמע קאָכט אַרבעס און גלעט זיך דעם קאָק,
די בלינדע, אין רויטקייט פון שקיעה ביים שוועל,
צערעוועט פרום זיך אַ זאָק.

נאָר דער ווינט פוסט-און-פּאַסעוועט ווילד און פון גרינקייט געבלענדט.
דער ווינט מיט טויזנט אויגן, טויזנט פיס און טויזנט הענט —
פלינק און יונג. אָט איז ער דאָ און אָט שוין דאָרט —
רייסט עס אים און יאָגט עס אים פון אָרט צו אָרט.

איז ער אַמאָל אַראָפּ פון בוים און אַריין אין שטוב, צעווילדעוועט און בלינד.
בלייבן שטיין די אַלטע מיידן: „סאַראַ שיינער ווינט!
סאַראַ יינגער, סאַראַ גלאַטינקער און נישט בעל-הביתישער
און אַזאַ... אַזאַ... סימפּאַטישער!"

האָבן זיך פאַרליבט די מיידן מיאוס און אַלט
אין דעם ווינט, וואָס לויפט אַרום אין וואַלד.
האָבן זיי זיך אויסגעפוצט פאַר אים, דעם פלינקן:
רות האָט אָנגעטון אַ זיידענע מאַטינקע,
אַ דינעטשקע, אַ גרינע,
רויזע האָט אַרויפגעכאַפּט אויף זיך איר בלויע פעלערינע
און ריווע — ס'טיכל מיט די געלע בלומען.

נאָר דער ווינט איז זיך אַ נאַקעטער געקומען.
אויסגעזאָרגט פאַר בליען און פאַר וויאַנען,
האָט דער ווינט די אַלטע מיידן נישט פאַרשטאַנען.

איז ער צו דער לאָמער מויד מיט אימפעט צוגעפאַלן.
ס'איז איר אָזש דער פרעמדער צאָפּ פון קאָפּ אַראָפּגעפאַלן.
פאַלט ער צו דער בלינדער צו און בלאָזט איר אין די טויטע אויגן
און דעם הויקער איז ער אויף דעם האָרב אַרויפגעפלויגן.

נאָר די שוועסטער, קרום און לאָם און בלינד
האָבן נישט פאַרשטאַנען... און געקושט דעם ווינט,
געקושט, געשמייכלט שטום, פאַרשעמט און פרעמד
און געוואָלט אים כאַפּן מיט די דאַרע הענט.

נאָר דער ווינט האָט פון דער ווייטן שוין געלאַכט
אַ פאַרכלינעטער מיט שטערן, אייביקייט און נאַכט...



## זון-אונטערגאַנג
## אויף אַ בילד

די ביימער שטייען צעבלעטערט אין ווינט.
און אויך דער ווינט שטייט שטום — און גרינט.
נאָר ס'גרינט נישט דאָס גרינען און ס'הענגט אויפן הימל די קראָ.
דאָס וואַסער איז רויט און דער טויט איז נישטאָ.

ביים ראַנד פון האָריזאָנט שטייט די זון. זי איז קליין,
זי גליווערט, זי וויינט, זי קאָן נישט אונטערגיין.
די שטומע קראָ וויל אַרויף אויפן דאַך
און ס'ווערט קיינמאָל נישט טאָג און ס'ווערט קיינמאָל נישט נאַכט.

ס'שטייט דער ווינט און דאָס וואַסער; זיי קאָנען דעם וועג נישט געפינען
און קראַנק זענען ביימער פונם אייביקן גרינען.
דער דאַך גאַרט צו דעם, וואָס די קראָ וואָלט געוואָלט
און דאָס אייביקע גרינס בענקט צום האַרבסטיקן גאָלד.

ווער-זשע קאָן זיי דערלייזן: ווינט און בוים, זון און קראָ,
אַז נישטאָ איז דאָס לעבן און דער טויט איז נישטאָ?

און דאָס בילד, אין זיין פיין, וויינט אַראָפּ פון דער וואַנט.
אויף דער גאָלדענער ראַם בליט דער זון-אונטערגאַנג.

האָבן זיך פֿאַרליבט די מיידן מיאוס און אַלט
אין דעם ווינט, וואָס לויפֿט אַרום אין וואַלד.
האָבן זיי זיך אויסגעפּוצט פֿאַר אים, דעם פֿלינקן:
רות האָט אָנגעטון אַ זיידענע מאַטינקע,
אַ דינעטשקע, אַ גרינע,
רויזע האָט אַרויפֿגעכאַפּט אויף זיך איר בלויע פֿעלערינע
און ריווע — ס'טיכל מיט די געלע בלומען.

נאָר דער ווינט איז זיך אַ נאַקעטער געקומען.
אויסגעזאָרגט פֿאַר בליען און פֿאַר וויאַנען,
האָט דער ווינט די אַלטע מיידן נישט פֿאַרשטאַנען.

איז ער צו דער לאָמער מויד מיט אימפּעט צוגעפֿאַלן.
ס'איז איר אַזש דער פֿרעמדער צאָפּ פֿון קאָפּ אַראָפּגעפֿאַלן.
פֿאַלט ער צו דער בלינדער צו און בלאָזט איר אין די טויטע אויגן
און דעם הויקער איז ער אויף דעם האָרב אַרויפֿגעפֿלויגן.

נאָר די שוועסטער, קרום און לאָם און בלינד
האָבן נישט פֿאַרשטאַנען... און געקושט דעם ווינט,
געקושט, געשמייכלט שטום, פֿאַרשעמט און פֿרעמד
און געוואָלט אים כאַפּן מיט די דאַרע הענט.

נאָר דער ווינט האָט פֿון דער ווייטן שוין געלאַכט
אַ פֿאַרכלינעטער מיט שטערן, אייביקייט און נאַכט...



## זון־אונטערגאַנג
## אויף אַ בילד

דיביימער שטייען צעבלעטערט אין ווינט.
און אויך דער ווינט שטייט שטום — און גרינט.
נאָר ס'גרינט נישט דאָס גרינען און ס'הענגט אויפֿן הימל די קראָ.
דאָס וואַסער איז רויט און דער טויט איז נישטאָ.

ביים ראַנד פֿון האָריזאָנט שטייט די זון. זי איז קליין,
זי גליווערט, זי וויינט, זי קאָן נישט אונטערגיין.
די שטומע קראָ וויל אַרויף אויפֿן דאַך
און ס'ווערט קיינמאָל נישט טאָג און ס'ווערט קיינמאָל נישט נאַכט.

ס'שטייט דער ווינט און דאָס וואַסער; זיי קאָנען דעם וועג נישט געפֿינען
און קראַנק זענען ביימער פֿונם אייביקן גרינען.
דער דאַך גאַרט צו דעם, וואָס די קראָ וואָלט געוואָלט
און דאָס אייביקע גרינס בענקט צום האַרבסטיקן גאָלד.

ווער־זשע קאָן זיי דערלייזן: ווינט און בוים, זון און קראָ,
אַז נישטאָ איז דאָס לעבן און דער טויט איז נישטאָ?

און דאָס בילד, אין זיין פּיין, וויינט אַראָפּ פֿון דער וואַנט.
אויף דער גאָלדענער ראַם בליט דער זון־אונטערגאַנג.

## גאָלד און בלוי

דער קליאָן קלינגט מיט קליינע, זילבערנע בלעטער.
זיי שטיל. דאָס קומט דער האַרבסט פון ווייטע פאַרנאַכטיקע וועגן.
דורך אַ גאָלדענעם וואַלד פאָרט אַ בלויע קאַרעטע.
לויף איר אַנטקעגן.

ווער ווייסט, ווער עס פאָרט איצט אַוועק צום זון-פאַרגאַנג.
ווער ווייסט וועגן קומען צוריק.
די קליינע הילצערנע באַנק —
דאָס איז דאָס גליק.

נאָר וויין נישט, ווער זינגט דען דעם טרויער פון האַרבסט?
שעפּ אָן בלויע לופט אין די הענט און די אויגן וואַש.
דיין פרויאיש האַרץ
איז אַ גאָלדענער, אַ האַרבסטיקער פייזאַזש.

וויין נישט. זיס איז די רו פון נאַקעטער ערד
און פון בלעטער רויטע אונטער די פיס
און אויך די רו פון דעם, וואָס איז באַשערט,
איז זיס.



## לירישע קופּלעטן

עס בייט זיך נישט און ס'האָט זיך נישט געביטן.
איך לייד נאָך אַלץ, ווי כ'האָב אַמאָל געליטן.
איך זאָג עס אָפן פשוט און באַשיידן:
עס טוען זיך נישט אָפּ פון מיר דיליידן;
כאָטש כ'טראָג אַ זיידן העמד און כ'בין מאָדערן,
נאָר פריילעך, פריילעך קען איך אַלץ נישט ווערן.

אַ בושה פשוט. נאָר ס'איז נישט צו מאַכן.
איך קאָן זיך אַלץ נאָך נישט פונאַנדערלאַכן,
כאָטש גאָט אַן עדות, אַז ס'איז דאָ פאַרוואָס:
אָט זעט: עס פאַלן עפּל אויפן גראָז —
זיי פאַלן גרויס און בלאַנקענדיק און רויט
און מענטשן פרייען זיך, כאָטש עפּל-פאַל — איז טויט...
כ'בייס איין אין עפּל זיך מיט שאַרפע ציין,
נאָר שטאָט צו לאַכן, שטיקט מיך אַ געוויין — —
עס בייט זיך נישט און ס'האָט זיך נישט געביטן.
איך לייד נאָך אַלץ, ווי כ'האָב אַמאָל געליטן
און כ'שפּיל זיך מיט די ליידן, ווי אַ קינד מיט ניס,
כאָטש כ'ווייס, כאָטש כ'ווייס ווי לעכערלעך דאָס איז...

אָט זעט: מימ גרויסער און געהיימער פרייד
גייט איבער גראָז אַ פרוי אין ווייסן קלייד;
ז'איז שיין, ז'איז יונג, ז'איז בויגעוודיק, ז'איז בלאָנד — —
זי שפּאַנט מיט שלאַנקע פיס צום רויטן האָריזאָנט,

זי טרעט אויף הויכע גראָזן, שפּאַן נאָך שפּאַן
און ווייסט נישט, אַז דאָס גראָז דאָס איז איר הויכער מאַן,
וואָס איז געשטאָרבן פאַראַיאָר אינמיטן טאָג — — —
ווי יעמערלעך האָט זי געוויינט, געקלאָגט
און איצט: אי שיין, אי יונג, אי בויגעוודיק, אי בלאָנד,
שפּאַנט זי מיט שלאַנקע פיס צום רויטן האָריזאָנט.
עס בייט זיך נישט און ס'האָט זיך נישט געביטן.
דער טויט האָט קיינעם נאָך נישט אויסגעמיטן.

מען האַקט אַ וואַלד. עס קלינגען העק און ס'זינגען זעגן.
עס פאַלן בוימער מיט די קעפּ צו דר'ערד,
די אויסגעצערטלטע, דורך זון און רעגן,
מיט שטייפע, פייכטע, גרינע בערד.
איז וואָס? ס'וועט זיין צו הייצן אין די היימען,
ס'וועט זיין אַ טיש, אַ באַנק, אַ שייער און אַ טיר —
און זאַכן נוצלעכע פאַר יעדן איינעם
און אויך אַ קאַסטן אויסגעמאָסטן פּונקט פאַר מיר — —
עס בייט זיך נישט און ס'האָט זיך נישט געביטן.
דער טויט האָט קיינעם נאָך נישט אויסגעמיטן.
איך שפּיל זיך מיט די ליידן, ווי אַ קינד מיט ניס,
כאָטש כ'ווייס, כאָטש כ'ווייס ווי לעכערלעך דאָס איז...

איך האָב אַ היים מיט פענסטער און מיט ווענט —
און כ'האָב אַ פרוי מיט קליינע, גוטע הענט,
און כ'האָב אַ טיש, אַ באַנק, אַ גאָרטן און אַ פּלויט
און דאָך וועט מיך דאָס אַלץ נישט ראַטעווען פון טויט.



ווען ס'קומט מיין פרוי אַהיים (ז'איז בלאַס און מיד)
ווייז איך איר אַלץ, וואָס כ'זאָג דאָ — אין אַ ליד.
זי לייענט, זי לאַכט, זי פרייט זיך, ווי אַ קינד;
זי מיינט: אַ ווינט אין ליד — איז נישט קיין ווינט.
זי מיינט: אַ פּלויט אין ליד — איז נישט קיין פּלויט.
זי מיינט: אַ טויט אין ליד — איז נישט קיין טויט.

עס פאַלן צו די אָוונטן און ס'קומען אינדערפריען
און ווינטן בלאָזן מיר אין פּנים שניי —
עס טוען ווי די פרילינגס, וואָס פאַרבליען
און זומערס זיסע טוען אַלץ נאָך וויי.
עס בייט זיך נישט און ס'האָט זיך נישט געביטן
איך לייד נאָך אַלץ, ווי כ'האָב אַמאָל געליטן.
און כ'שפּיל זיך מיט די ליידן, ווי אַ קינד מיט ניס,
כאָטש כ'ווייס, כאָטש כ'ווייס ווי לעכערלעך דאָס איז...

## טויט און ליד

קליינע מיידלעך טראָגן קוישן בלומען
און שטאַרבן.
קליינע ייִנגלעך שפּילן זיך אין זעלנער
און שטאַרבן.
ווייבער קויפן רויטע עפּל אויפן מאַרק
און שטאַרבן.
מענטשן בויען הייזער אין די שטעט
און שטאַרבן.
מענער רייסן פון דער ערד קוילן, זאַלץ
און שטאַרבן.
און איך, וואָס טו באַזינגען אַלץ,
וואָס שטאַרבט — אין ליד,
שטאַרב מיט.



## אַ ליד

שפּילט אַ פידעלע אין גרינעם דאָרף,
וווּ איך בין נישטאָ, וווּ איך וועל נישט זיין.

ס'בליט אַ זוניק הויז אין ווייטן לאַנד,
וווּ איך בין נישטאָ, וווּ איך וועל נישט זיין.

ס'וואַרט אַ לאַכנדיקע פרוי אין רויטן וואַלד,
וווּ איך בין נישטאָ, וווּ איך וועל נישט זיין.

ערגעץ וואַרט אַ הויפן ערד און ס'וואַרט אַ שטיין.
גראָד דאָרט וועל איך זיין.
פאַרוואָס ?

איך וועל אין רעגן דיך — ווי שטענדיק — הערן
און זען אין פלאַם פון ברענענדיקן האָלץ.
בלייב אין די אָדערן פון הויכע שטאַמען,
בלייב פייער, וואַסער, ערד און ווינט,
ווייל דאָרט איז בעסער, ווי ביי טאַטע־מאַמען — —
שלאָף נישט מיין קינד און וואַך נישט מיין קינד.

דו וואַרט אויף מיר אין בלויע בלומען־אייגעלעך
און אין די גופּימלעך פון זומער־פייגעלעך,
אין ווינט, וואָס פייפט און מאַסטן־ביימער ברעכט,
אין אוגערקעס, וואָס קומען־אויף אין ליבע זומער־נעכט,
אין זיסן פלייש פון רויטע עפּל און אין קאָרן־ברויט — —
וואָס איילט זיך דיר אַזוי צום טויט,
וואָס הויבט זיך אָן אין סוד פון מאַמעס בויך
און מאַטערט, מאַטערט ביזן לעצטן הויך — — —

וואַרט צו ביז איך וועל אויסלעבן מיין טויט;
דאַן וועל איך קומען אין אַ שיינעם מאָרגנרויט,
דאַן וועלן מיר צוזאַמען גיין דעם גרויסן, זיסן וועג
פון נעכט צו נעכט, פון טעג צו טעג —



## ביי אירע פיס

דאָס איינציקע, וואָס האַלט דיך דאָ אויף דר׳ערד — איז זי.
לייג אַוועק דיין מידן קאָפּ אויף אירע ווייסע קני —
אַזוי דערשטיקט מען דאָך אין זיך דעם ווײ־געשריי
אין דער פּיינלעכער און גרויסער אייניקייט פון צוויי.

די פרעמדע שטערן האָבן דאָ דיך צוגעשמידט,
צו אירע שלאַנקע פיס און צו דיין ליד,
צום ליד, וואָס פרעמד איז, ווי דער שטערן־שיין,
ווי זי, ווי אַלץ, ווי דו אַליין...

## בייננאַכט

גיי אַוועק פון מיר.
עס וואַקסט אין טונקלקייט פון נאַכט דער תהום
פון אונזערע מידע, אויסגעקוושטע לייבער.

פאַרוויאַנעט זענען ליפּן
און טרויעריק זענען הענט:

ווו איז די פרייד ?

עס פעלט דאָס וואָרט,
וואָס זאָל פאַרשיטן
דעם תהום פון אונזער איינזאַמקייט.

גיי אַוועק פון מיר.

מאַך צו די אויגן.
שטערן זענען שענער,
שטערן זענען קלאָר.

עס עקלט מיך דער ריח פון דיינע האָר.



## היצן

זומער-לעב. דו קומסט אַהיים אַ ברוינע, אַ הייסע.
פּאַלסט צו צו מיר פאַרסאַפּעט: סאַראַ היצן!
און איך שרייב אַ ליד וועגן פיאָרדן ווייסע
און מיין, אַז ס'וועט דאָס ליד מיך פּאָרט באַשיצן
פאַר דעם ליאַרעמדיקן דרויסן, פאַר דעם גרויסן הויף,
ווו מען שרייט אַ גאַנצן טאָג: איך קויף און איך פאַרקויף.

טייערע! די שוואָמען, וואָס ס'ברענגען פויערטעס פון דערפער גרינע
שמעקן מיט וואַלדיקן רעגן, מיט טויִקע באַגינענס — —
ווי הייס עס ברענט דער טאָג אין דיינע אויגן!
טייערע! איך וואָלט געפלויגן, ווו נישט איז
אַוועק, אַוועק פון גרויסן, גרויען הויף,
ווו מען שרייט אַ גאַנצן טאָג: איך קויף און איך פאַרקויף.

עס וואַרט אַ באַנק, אַ ווייסע, אין אַ גאָרטן צווישן בלעטער
און אַ סטעזשקע וואַרט אינמיטן וואַלד,
וואָלטן מיר געהאַט אַ רייכן פעטער,
וואָלט ער אונז געהאָלפן באַלד,
און אַזוי...

ווי הייס, ווי הייס... עס ברענט —
עס האַלטן אונז אין קלעם די הייסע ווענט,
דער גרויסער, שוואַרצער קאַסטן מיסט אין הויף,
ווו מען שרייט אַ גאַנצן טאָג: איך קויף און איך פאַרקויף.

אַך . . .
אַ טונקעלע וועראַנדע פון דער זון פאַרשטעלט...
אַך . . .
אַ גרינער, נידעריקער דאַך...
אַך . . .
מיר האָבן אָבער נישט קיין געלט.

און דאָס ליד, וואָס איז נאָר-וואָס געקומען אויף דער וועלט,
וואָס נישט באַצאָלן קאָן מען עס מיט ראָקפעלערס אוצר
ליגט אין זון און שרייט, און זינגט, ווי שטענדיק,
מאַכטלאָז און נישט פאַרענדיקט
און נישט דערלייזט...

אַך, יוי הייס, ווי הייס!
טייערע, ווי הייס...



# אַ פּאָרטרעט פון אַ פרוי

אַ הויפן ביינער אין אַ זיידן קלייד
גרייט צום טיש דאָס אָוונט-ברויט.
שעפּט וואַסער, דערלאַנגט מיר טיי
און קוקט מיר אין די אויגן
מיט טרויער, מיט כּעס, מיט פרייד —
אַ הויפן ביינער אין אַ זיידן קלייד.

דער לאָמפּ ציטערט אויפן טיש.
דאָס בוך פאַלט מיר אַרויס פון האַנט.
עס האָט זיך אַלץ אַרום מיר אויסגעמישט:
די לאָמפּ, די פרוי, די וואַנט,
דער טרויער און די פרייד,
ווען כ'זע דעם הויפן ביינער אינם זיידן קלייד.

נאָר ווען איך זאָג: מאַדאַם! דערזע איך צאַרטע הויט
אויף ברוסטן נאַקעטע און לענדן
און ווען איך זאָג: מיין פרוי!
הייבן אירע אויגן אָן צו בלענדן
מיט טרויער, מיט כּעס, מיט פרייד —
ס'גייט אַרום אַ הויפן ביינער אין אַ זיידן קלייד.

נאָר פלוצלינג טו איך אַ געשריי:
מויד!
ווערט פאַרגליווערט אין גלעזל די טיי,

ס'פּאַרלעשט זיך די לאָמפּ
און איך דערזע זי אויף אַ טיש אין פּראָסעקטאָריום — טויט
אַרויסגעשלעפּט ביינאַכט פון טייך,
וואָס זילבערט זיך לבנהק אין דער אייביקייט —
אַ הויפן ביינער אין אַ זיידן קלייד.



## ביים מיטאָג

דער באָרשטש איז רויט און זויער,
ווי אַ שקיעה־הימל פול מיט וואָלקן־טרויער.

איך טרינק אים פון אַ לויטער גלאָז.
זיין ריח איז אומשולדיק, ווי גראָז,
אין אַ זומער־אָוונט אויף אַ פעלד.

און דאָך ווערט באָרשטש צו בלוט
און בלוט צו לייב.
דער אַלטער דאָקטאָר שאָקלט מיטן פּליך
און זאָגט ס'איז גוט,
ס'איז גוט אַזוי — —

איך ווייס אָבער, אַז ער נאַרט אי מיך אי זיך;
ווייל ס'גערדייען די געדערים,
פולע מיט זאַפט און מיט בלוט,
פאַר ווערים — —
און דאָס איז נישט גוט.

רויט איז דער באָרשטש, רויט,
ווי דאָס פרישע בלוט, וואָס זאַמלט זיך אין אינגעווייד,
פאַר דעם טויט — — —

דערפאַר טרינק איך דעם באָרשטש אָן פרייד.

# עלעגיע

אומזיסט, אומזיסט...
עס וועט שוין נישט קומען צוריק
דאָס זאַנפטע גראָז אונטער אונזערע קליינע פיס.
דער ווינט, וואָס האָט אונז אַוועקגעטראָגן
פון יענע ליכטיקע, צעזונגענע פאַרטאָגן
ביים וואַלד, ביים אָפענעם פאַר איין און אויס,
ביי אונזער פלויט, ביי אונזער הויז — — —

זומערצייט איז דאָס געווען,
אין אַ גרינער זוניקייט איז דאָס געשען:
דאָס אַנטלויפן מיט געשריי און מיט געוואַלד
פאַר דעם אָוונט, וואָס געיאָגט האָט אונז פון וואַלד
אַהיים — — אַהיים — — —
וואָס האָט געוואַרט אויף אונז אין מילדן לאָמפּן־שיין.

אַן אַלטע, הילצערנע באַנק,
וואָס כ׳וועל זי נאָך צוויי טויזנט מאָל דערמאַנען,
איז ביי אַ בלויער וואַנט געשטאַנען,
ביי אַ קליינעם גאָרטן פול מיט רויש, מיט שאָטן, מיט געזאַנג.

זומערצייט איז דאָס געווען,
אין אַ גרינער זוניקייט איז דאָס געשען:
וואַרעם זענען אירע הענט געווען, ווייס און מילד
און איך, — מיין גאָט! — ווי לעכערלעך, ווי ווילד,



ווי צאַרט, ווי אומגעדולדיק, ווי פאַרשעמט, ווי בלינד...

כ׳זאָג שטיל און פשוט: דאָס גליק איז אַוועק מיטן ווינט.

דערפאַר זינג איך טרויעריק וועגן דיר, וואָס ביסט דאָ,
לעבן מיר, אַרום מיר און אין מיר, יעדן טאָג, יעדע שעה —
ווי דו וויינסט, ווי דו לאַכסט, ווי דו רופסט, ווי דו וואַרטסט —
וועגן דיר — ביי דער קיך, וועגן דיר — ביי מיין האַרץ,
וועגן דיר, וואָס וועסט שטיין
ביי מיין בעט, ווען ס׳וועט קומען אויף מיר די שעה פון פאַרגיין,
וועגן דיין קאָפּ, וואָס וועט זיין איבער מיר, ווי אַ זון אָנגעבויגן,
וועגן הענט דיינע מילדע, וואָס וועלן מיר צומאַכן די אויגן.

## ביימער

פֿאַר מיר זענט איר נאָר שטילע טויטן-גרעבער.
פֿאַר אַנדערע איז אייער רויש באַשערט —
אָ, זון-צעגלאַנצטע, גרינע שאָטן-געבער,
אָ, ליבע פרילינג-ביימער פֿון מיין ערד.

איר בליט אין בלויע נעכט צעצווייגט און מעכטיק
און אין באַגינענס רינט פֿון אייך דער טוי.
מיין מידער קאָפּ האָט קיינמאָל נישט גענעכטיקט
אין אייער שאָטן, ווי ס'איז גוט אַזוי...

מען לאָזט נישט צו צו אייך. איך מוז אייך ווייכן.
מען האָט די לופט אַרום פֿאַר מיר פֿאַרסמט.
אָ, ווערבעס שטילע ביי די בלויע טייכן,
אָ, סאָסנעס הויכע אויפֿן רויטן זאַמד.

עס קלאַפּט מיין האַרץ, ווען כ'זע אייך ליכטיק גרינען.
אין אייער שאָטן נויטיקט זיך מיין דאַך —
צו וועל איך שוין אינערגעץ נישט געפינען
אַ ליבן בוים, וואָס זאָל מיר זינגען ביי דער נאַכט...



## צו אַ פריינדין

נישט צו קיין בלויע, טיפֿע טייכן
וועל איך דיינע אויגן פֿאַרגלייכן —
ווייל טייכן זענען דאָ
און גליען ווייטער אין מאָרגן-שיין
און דו ביסט נישטאָ
און וועסט נישט זיין.

נישט קיינעם זאָג איך עס, נאָר מיר,
נאָר מיר אַליין —
געבליבן איז דער סקריפּ פֿון דיין טיר
און ביי דיין שוועל — דער גרויער שטיין,
אויף וועלכן ס'וועט שוין מער דיין פֿוס נישט שטיין —
געבליבן איז (ווי לעכערלעך!) דיין בלומיק קלייד,
וואָס האָט אַזוי פֿריילעך געפֿלאַטערט אין ווינט
זומערצייט,
געבליבן זענען טויבן און שויבן און באַנען, וואָס יאָגן זיך בלינד
און שיפֿן, וואָס שווימען אָפּ ווייט,
דאָס נישט דערעסענע ברויט, דאָס נישט דערנוצטע זאַלץ,
די נישט דעראָטעמטע לופֿט
און אַלץ — — — און אַלץ — — —

סאַראַ פּשוטע זאַך:
ס'גרינט ווייטער דער מאָך אויפֿן דאַך

און ציגל־רויט
גליט אַנטקעגן שקיעה דער פּלויט,
ביי וועלכן מיר זענען ביידע געשטאַנען
אין הויכן שאָטן פון אַלטע קאַשטאַנען...

און איצט... איצט שטיי איך אַליין
און נישט איך קלאָג און נישט איך וויין.
איך טראַכט נאָר שטיל ביי זיך און כ'זוך באַשייד:

ווו איז דיין טרויער, ווו איז דיין פרייד...

דו האָסט געלאָזט מיך שטיין אינמיטן שטראָז
ון אַליין ביסטו פאַרשוווּנדן אינם הויכן גראָז,
אין טיפן גראָז,
אין גרויזאַמען גראָז
אָן אַ פאַרוועג, אָן אַ פאַרוואָס — — —



# זינגד

דער ווײַן שמעקט מיט לבנה און פייכטע בלעטער צערוישטע אין ווינט.
ס'איז אַ זינד אַזאַ נאַכט, ס'איז אַ זינד.
ווערט־זשע בלינד, דורשטיקע אויגן, ווערט־זשע בלינד און פאַרגעסט,
אַז דער ווײַן, אַז די נאַכט, אַז די בלעטער, אַז דאָס אַלץ איז אַ נס.

ס'האָבן קנעכטישע הענט געריסן טרויבן אין ווינט
און קנעכט און קנעכט
האָבן געשפּרייט די גראָזיקע ריחות אין זילבערנע נעכט
און קנעכט באַשיצן דאָס ליכטיקע הויז, ווו ס'טרינקט זיך אין ווײַן
די זינד.
און אין דעם הויז זינגט די פרויאישקייט אינם אויסבויג פון פידל
און ס'זינגט די פידל אין די פרויאישע אויגן,
נאָר דעם זיסן, דעם זילבערנעם ניגון
טאָר מען נישט גלויבן.

גלויבן מעג מען נאָר דער קאַלטער מויער,
ווו ס'האָט פיינגלעך און מוטיק
אַ קנעכט, וואָס האָט דערזען דעם טרויער,
געבלוטיקט —
פאַר זינד פון בלויע נעכט, וואָס טריפן מיט לבנה און ווײַן,
פאַר זינד
פון פרויאישע ליפּן צעבליטע אין ווינט,
פאַר געוויין, פאַר זאָגן: ניין, און פאַר קנעכטישער פּיין;
פאַר זינד פון גיין אַליין
אין גרויזאַמע נעכט פולע מיט לבנה און ווײַן.

## דער מאַמעס טענות

מיין מאַמע האָט צו מיר געזאָגט,
יוען אָוונט האָט געפלאַטערט רויט און מילד:
הער אויף צו טרייסלען מיטן קאָפּ,
צו זיין ווילד.
וו מען טוט זיך נאָר אַ ריר,
אויף טיש און בענק — פּאַפּיר!

פאַרטראַכט זיך איבער זיך אַליין, פאַרטראַכט:
דו שרייבסט בייטאָג, דו שרייבסט ביינאַכט —
ווער וועט עס זען, ווער וועט עס לייענען,
ווער דאַרף עס דען, די נאַרישקייטן דיינע?

נאָר פונקט אָט דעמאָלט
האָט זיך איבער הימלען וואַרעמע געטראָגן די לבנה,
מיין שטילער אומרו און מיין זילבערנע סכנה —
זי האָט זיך פון אַ בוים צו מיר אַראָפּגעבויגן
און געקוקט מיר אין די אויגן.

האָט זיך געוואָלט מיר דעמאָלט לויפן פוסט־און־פּאַס
און ציילן שטערן אין דער טונקלקייט פון אונזער גאַס.



## אַמאָל

אַ דאַך. אַ קוימען. אַ רויך.
דער דאַך — אין דער לינקער זייט אַ לאַטע.
דער קוימען — צעקרישלטע ציגל.
דער רויך — די מאַמע ביי דער קיך; דער טאַטע—
דער רויך פון זיינע ציגאַרן...
און נאָך — דאָס וויגל,
וו מען פלעגט מיט לידער זיס פאַרנאַרן — —

אַ טויער. אַ קאָרידאָר.
דער טויער — שמאָל.
דער קאָרידאָר — מיט קעץ, מיט קאַלך, מיט הינער־קריי,
מיט ליבע ריחות פון אַמאָל,
פון שביעות־גראָז, פון פורים־שניי,
פון ערשטע בלויע זיבן יאָר.
די צאַרטע וואַרימקייט פון מאַמעס האָר.

און שפּעטער האָט געבליט:
אַ רויטע ליפּ, אַ וואַרים קלייד.
אַ יינגליש ליד
מיט הייסע, שטאַמלענדיקע רייד:
„כ׳געדענק
און איך בענק...
דו, דו... דו.......”
(מיט זיבן פינטעלעך דערצו...

## אויף קבר-אבות

דו האָסט מיך מאַמע, גערופן: „לבנה-פּנים" און „פּרינץ".
לויט דיר איז אַלץ געווען „דעם קינדס":
די מילך, די זון, דער טייך, דער פויגל,
דער מאַמעס האַרץ, דער מאַמעס הענט, דער מאַמעס אויגן,
די גוטע ווערטער דיינע אָן אַ שיעור
און אַפילו גאָט איז אויך געווען פאַר מיר און צוליב מיר.

פאַר מיר האָסטו געהאַט די האַרציקסטע געזאַנגען,
דו האָסט מיר נאָכגעקוקט, דו ביסט מיר נאָכגעגאַנגען
אויף אַלע שמאָלע סטעזשקעס און אויף אַלע וועגן,
ווו ס'פלעגט נישט איינמאָל קומען מיר דער טויט אַנטקעגן.

און דאָך האָב איך זיך נישט געלאָזט פאַרוויגן:
גערעדט אַנטקעגן, געטומלט און געשריגן,
ווייל אויב שוין יאָ פאַר מיר און מיר צוליב,
טאָ גיב-זשע, מאַמע, גיב מיר, גיב...

גיב מיר דיינע טעג און גיב מיר דיינע נעכט.
נעם אַוועק דעם רעגן, נעם אַוועק דעם ווינט.
עס טאָר דאָך נישט זיין שלעכט
דיין פּרינץ, דיין לבנה-פּנים, דיין קינד.

זיי אַ שוץ מיר אין מיין שלאָף און נעם אַוועק
דעם שוואַרצן חלום — פול מיט שדים און מיט שרעק.



מאַך, עס זאָלן קלינגען ווייסע שעפּעלעך אין טאָל,
ברענג מיר טייטלען און פייגן פון ארץ-ישראל.
ברענג פון מאַרק אַהיים מיר ראָזשינקעס מיט מאַנדלען;
איך וויל נישט זיין גרויס, איך וויל נישט האַנדלען,
כ'וויל בר-קעווען אַ גאַנצן טאָג אויף פעלדער צווישן גראָז,
כ'וויל וויינען, כ'וויל לאַכן און נישט וויסן פאַרוואָס.

מאַמע... מאַמע...

ווו ביסטו איצט? ווער וועט מיך איצט פאַרוויגן...
ס'איז אַלץ אַ ליגן, ס'איז אַלץ אַ ליגן,
ווייל נישט די זון איז מיין און נישט דער רעגן-בויגן,
און נישט דיין האַרץ און נישט דיינע הענט און נישט דיינע אויגן.
ווייל גאָרנישט, גאָרנישט איז „דעם קינדס".

איך בין נישט קיין לבנה-פּנים און נישט קיין פּרינץ...
איך בין, ווי דו — צעבראָכלעך און פאַרשווינדיק,
הייליק, ווי דו און, ווי דו — אויך זינדיק
און ס'גליט אין מיר דער טויט און ברענט,
ווי דיינע טרערן — אויף מיינע הענט.

# ווינטער־אָוונט

שניי שיט. ס׳גרילצט די גריל.
מיט דיקענסן אונטערן אויוון איז גוט און שטיל.
גוט, ווי אונטערן אויוון און שטיל, ווי אויפן שניי.
אַלץ ווערט ווייט און ס׳טוט גאָרנישט וויי.

אַלץ ווערט ווייט, ווי דער פרילינג-רעגן,
און ווייט, ווי דאָס גליק.
ווייט, ווי אַלע וועגן,
וואָס פירן נישט צוריק.

„ווייס, ווייס ווערט די גאַנצע ערד" —
זאָגט דער גרויער הער מיט די באַקן-בערד.
ער זאָגט עס שטיל. אָן טרויער, אָן פרייד.
ס׳איז פשוט ווינטער. און עס שנייט.

ס׳שנייט, ווי שטענדיק, אין דעצעמבער.
ס׳שנייט אין לאָנדאָן און ס׳שנייט אין לעמבערג —

אין לעמבערג, אין לעמבערג אויף אַ שמאָלער גאַס.
אין לעמבערג, אויף אַ נידעריקן דאַך,
פאַלט דער שניי בייטאָג,
פאַלט דער שניי ביינאַכט.



ביינאַכט ווערן שויבן ווייס
און ס׳בליען-אויף אויף זיי צעצווייגטע ביימער פון אייז.
פון אייז, פון אייז — אַ גאַנצער וואַלד,
לבנהדיק באַשטראַלט.

אָ, ליבע, שמאָלע, ווייסע גאַס!
ווי ווייט, ווי ווייט כ׳בין אַוועק פון דיר —
צו וועל איך טרעפן נאָכאַמאָל צוריק
צו מיין קינדיש טויער, צו דער מאַמעס טיר?

אָ, ליבע, אַלטע שטוב,
ווי ווייט ביסטו פון מיר אַוועק —
איך קאָן דיך נישט דערמאַנען
אָן טרויער, אָן שרעק.

אָן טרויער, וואָס ביסט ווייט,
ווי דער שניי פון אַמאָליקע טעג —
אָן שרעק — וואָס כ׳וועל שוין נישט געפינען
צוריק צו דיר דעם וועג — — —

דעם שטילן, שיינעם וועג,
די טעג אין זון און פרייד
וואָס דער טרויער האָט מיר פאַרשנייט — — —

# מיין מאַמעס שניי

קאָן זיין, אַז ס'איז אפשר אַ גרייז,
נאָר מיין מאַמעס שניי איז געווען פשוט ווייס
און נישט ווי ס'טראַכט צו אַ פּאָעט:
גרין, לילאַ אָדער פיאָלעט.

און נישט געפאַלן איז ער שטיל און זאַכט
און נישט, ווי ווייטע שטערן, צו וועלכע מען בענקט
מיין מאַמעס שניי פלעגט קומען פלוצלינג ביינאַכט,
אומגעריכט, ווי אַ בייזע קרענק.

ווייל ווען עס הויבט אָן שנייען,
מוז מען דאָך פאַר קינדער שפּענצערס איבערנייען
און ס'מוז זיין אין שטוב אַ גאַנצן טאָג דאָס פייער
און ווינטער-צייט איז האָלץ און קוילן זייער טייער.

איז דעריבער פאַרשטיי איך שוין, אַז אייז אויף די שויבן, דאָס
זענען נישט קיין בלומען,
ווייל ווען ס'שטעלט זיך דאָס אייז אויף די שויבן איז אַ יקרות אויף מילך
און צו פוטער איז פשוט נישט צוצוקומען — —
און די מאַמע הוסט און ס'טוען איר די פּלייצעס וויי — — —
און ווער איז שולדיק אין דעם?
דער וויסטער שניי, דער אומברחמנותדיקער שניי.



איז אפשר טאַקע דערפאַר האָב איך אים אויך נישט ליב,
דעם שניי, וואָס האָט דער מאַמעס לעבן אַזוי באַטריבט
און אפשר דער אַר וועל איך אים נישט אָנרופן מיט זילבערנע רייד,
ווייל שטענדק דערמאָנט זיך מיר מיין מאַמעס טרויער
ווען עס שנייט.

# אָ, הייליקע פּראָווינץ

אברהם פּטאַשקינען

I

סאַראַ וועטער! אַך, סאַראַ וועטער!
פון שויבן רינט דער רעגן.
אָ, ווי נישט דערהויבן איז דער האַרבסט מיט זיינע נאַסע בלעטער
און מיט זיינע בלאָטיקע וועגן...

דורך שמאָלע געסלעך לויפט אַרום דער ווינט.
ס'פּאַלט צו דער אָוונט. און עס כליפּעט די פּראָווינץ.

אַך, זי וויינט. זי וואָיעט, ווי אַ הונד.
און אירע טרערן זענען בלוטיקע פאַרוואָסן.

די דאָקטערין וויל נישט קיין קינד.
פריילן מאַניע וויל אַ חתן.
און ברײנדל דעם שוסטערס האָט נישט מיט וואָס צו באַשמעלצן די גריץ.
דער אַפּטייקער דאַרף האָבן אַ פּערטן צום ברידזש,
קוקט ער מיט כעס דורכן פענסטער צום לאַנדיש.

נאָר די קליינע, בלאַטיקע הײזער ווילן גאָר עפּעס אַנדערש:
אָ, וואָלקן-קראַצער אויפגעטורעמטע אין ליכט!
אָ, מעטראָ, קאַטאַסטראָפעס און צוזאַמענשטויסן!
אָ, צעפינקלטער אַספאַלט
אונטער יאָגנדיקע, שטילע „ראָל-ראָיסן" — — —



און אין יעדן אויטאָ זיצט אַ מיליאָנער!
אַך, ווי שיין...

די פּראָווינץ וויינט.
און דער ווינט, דער ווינט ווישט איר אָפּ אַ טרער,
איינע און אַ צווייטע.
ס'ציטערן אין חושך געסלעך צעדרייטע.
ערגעץ וויינט אַ קינד.

אָ גרויסער, גרויזאַמער ווינט,
הויב אונז אויף און טראָג אַוועק
די הייזעלעך, די דאָקטערין און מיך
פון אונטער הימלען פול מיט פינצטערניש און שרעק.

II

די אַפּטייקערין האָט ליב דעם פּראָוויזאָר.
דער פּראָוויזאָר האָט שוין אַ מיידל. זי איז בלאָנד
און זיצט אין תּפיסה פאַר קאָמוניזם,
זיצט זי און בענקט צום דאָקטערס זון, דעם סטודענט,
וואָס שטודירט אין פּאַריז מעדיצין.

„אין פּאַריז, אין פּאַריז
זענען מיידעלעך זיס"
זינגט זיך אונטער דער דאַרער פּריזער.
און זוכט אַרום די שער,
וואָס געלעגן איז נאָרוואָס ביים שפּיגל.
עס האָט אים פאַרפּירט דער ניגון
און דאָס מיידל, וואָס ער שערט,

די פריילין מאַניע פון דער שול-גאַס.
זי איז שיין און זי לייענט שונד.
דער דאַרער פריזער איז דערפאַר אין כעס.
ער איז דאָך אַ חבר אין „בונד"...

אין „בונד", אין „בונד"
זאָגט מען נישט „געזינד" נאָר „געזונד".
און מען זינגט דעם אינטערנאַציאָנאַל,
און מען פאַרשטייט, וואָס הייסט „פּאַטאַל,"
און „אידעאַל"
און „אידעאָלאָגיע"
און אַפילו: „זאָאָלאָגיע"...
(זאָאָלאָגישער אַנטיסעמיטיזם).

און אויף יאַרידן, אויף יאַרידן
טרייבט מען פון מאַרק אַראָפּ די יידן,
מען טרייבט, מען שלאָגט און ס'גיסט זיך בלוט.
זאָגן ציוניסטן, אַז ס'איז נישט גוט
און זינגען הוראַ און טופּען מיט די פיס.

פריידל, דעם שמשס טאָכטער וויינט,
ווייל קיינער וויל זי נישט.
זי איז מיאוס.

און איך דריי אָן דעם פּאַטעפאָן און הער:
אַנזשעליטאַ טאַנצט אַ טאַנגאָ אין בוענאָס-איירעס
און וואַרפט מיט לאַנגע, שלאַנקע פיס.



III

דער ווינט איז אַוועק. געקומען איז די לבנה.
אָט שטייט זי פונקט אינמיטן מאַרק.

די אַפּטייקערין קוקט אַרויף: אַך, דער פּראָוויזאָר!
און מיט אַ באַטיסטן טיכעלעווישט זי זיך אָפּ אַ טרער.

די פריילין מאַניע קוקט אַרויף: אַך, דער פריזער!
ווי גוט ער זעט אויס, ווי פול!
אין פינצטערן געוועלב בלאַנקט אין לבנה-שיין
די פאַראיינזאַמטע שער,
ווי דעם פריזערס האַרץ.

סאַראַ שיינע נאַכט! סאַראַ זיסער האַרבסט!
זאָג איך און לאַך פון זיך אַליין.
די שויבן זענען טרוקן,
ווי אויגן נאָך אַ געוויין.

IV

די לבנה איז גרויס און רויט.
„און מאַרי האָט לאַנג באַוויינט לעאָפּאָלדס טויט" —
אַזוי איז דער שלוס פון ראָמאַן,
וואָס פריילין מאַניע האָט פאַרענדיקט לייענען.

פון ווייטן פייפט די באַן,
די קאַשטאַן-ביימער טריפן מיט וואַקסענע בלעטער,
אַ דיכטער וואָלט געזאָגט: זיי וויינען.

# קרעפּ־דע־שין

מיט לאַנגע פינגער מעסטן סוחרים איילן קרעפּ־דע־שין.
און אויף די סאַמעט־שטאָפן בליִען בלומען רויט און גרין.
מיט ברילן אויף די נעזער און מיט ציטערנדיקע הענט
ציילן סוחרים געלט, פון גאָלד געבלענדט.

נאָר ביינאַכט, ווען לאָדנס צוגעהאַקטע דרימלען,
צעגליִען זיך אין טונקלקייט פון קלייט לאַזורנע הימלען,
און ס׳רירן זיך די בלעטער אויף דעם קרעפּ־דע־שין
און די רויטע בלומען בליִען דין.

עס קומט אַ ווינט און מאַכט די בלעטער רוישן,
און זשאַסמין שמעקט, און ס׳פאַלט פון ליפּעס צוויט —
און אויפגעמאָלטע מענטשן זאַמלען אויבסט אין קוישן
מיט לאַכנדיקע פּנימער, מיט צאַרטע, שטילע טריט.

צומאָרגנס זענען בייז משרתים, שעלטנדיק די גאַנצע וועלט:
ווער האָט עס דאָ געבושוועט ביינאַכט אין קלייט?!
נאָר ס׳ליגט דער קרעפּ־דע־שין, דער בלומיקער און קוועלט.

משרתים שפּייען מיט פּאַרגרעבטע, וואָכעדיקע רייד.



# אונזער אַלטע שטוב איז שיין

אונזער פייער לעשט זיך נישט.
אונזער וואַסער טריקנט נישט.

אונזער אַלטע שטוב איז שיין
אין דער שעה פון טיפסטן פּיין.

קראַקעט נישט. באַוויינט אונז נישט.
ס׳קאָכן מאַמעס פלייש און פיש.
ס׳קנאַקט דאָס פייער, ס׳זידט די יויך
און פון קוימען גייט אַ רויך.

ס׳שמעקט דער וויין פון אַלטן בעכער.
ס׳פאַלט דאָס גאָלד פון האַרבסט אויף דעכער.
אונזער אַלטע שטוב איז שיין
אין דער שעה פון טיפסטן פּיין.

ס׳גייט אַ זיסער, צאַרטער אָוונט.
מאַמעשי, כ׳בין דאָ, גוטנאָוונט.
ליב איז מיר דער ווייסער טיש.

קראַקעט נישט, באַוויינט אונז נישט,
ווייל כּל זמן עס זידט די יויך
און פון קוימענס גייט אַ רויך

און עס שמעקט דער וויין אין בעכער
און עס פאַלט דער האַרבסט אויף דעכער,
וועט אין שעה פון טיפסטן פּיין
אונזער שטוב נישט אונטערגיין.

קראַקעט נישט, באַוויינט אונז נישט.
אונזער פייער לעשט זיך נישט.
אונזער וואַסער טריקנט נישט...



## צו אַ יינגעלע
## אין אַ ייִדיש שטעטל

וויין נישט, יינגעלע, וויש אָפּ די טרערן, ס'וועט נאָך זיין גוט.
מיר וועלן פאַרהיילן די וואונדן, וואָס טריפן מיט בלוט.

מיר שטייען אַליין אויף דער גאָרער וועלט קעגן זון, וואָס פאַרגייט,
אַליין, אַליין מיט אונזער פּיין און מיט אונזער אָרעמקייט.

מיר מוזן געפונען אַליין אַ טרייסט פאַר מיר און פאַר דיר
און אַליין פאַרקלעפּן די ווענט און אַליין פאַריכטן די טיר.

זאָלן זיי שרעקן מיט מעסערס, זאָלן זיי שלאָגן און רויבן —
מיר וועלן פאַרלאַטן די קישנס, מיר וועלן אַריינשטעלן שויבן.

איינמאָל און צווײמאָל און דריימאָל, ביזן לעצטן מאָל דעם געגאַרטן,
מיר האָבן צייט און געדולד, מיר קאָנען וואַרטן.

לבנה גייט־אויף איבערן שטעטל, ווי דאָס פּנים פון אַ בייזן גוי,
מיר שאַרן צונויף די פעדערן, מיר שאַרן צונויף דאָס שטרוי.

וויין נישט, יינגעלע, וויש אָפּ די טרערן, זיי שטיל.
מיר וועלן פאַריכטן דעם טיש און די בענק און דעם דיל.

מיר וועלן אויפשטעלן צוריק די שטוב, וואָס זיי האָבן פאַרברענט,
עס וועלן נאָך גליען אין זון די געקאַלכטע ווענט.

וויין נישט, יינגעלע, אַ שאָד די אויגן, עס גייען לויטערע טעג,
דער פרילינג וועט נאָך געפונען צוריק צו אונז דעם וועג.

ווייל אונטערגעהאַקט וועלן ווערן, ווי אַלטע, צעפוילטע שטאַמען,
די הענט, וואָס האָבן געקוילעט דיין טאַטן און דיין מאַמען.

## א שטורמישע נאַכט

שרעק זיך נישט, מיין קינד,
פאַרן ווינט,
וואָס בייגט די ביימער צו דר'ערד,
פאַרן חושך, וואָס פלייצט אויף אַלע וועגן,
פאַר דעם רעגן,
וואָס קלאַפּט מיט גראָבע טריט אין דאַך
און פאַר אַלץ, פאַר אַלץ, וואָס ברענגט מיט זיך די נאַכט,
צעציטערט אין ווינט —
שרעק זיך נישט מיין קינד.

ווייל דער ווינט מוז דאָך בייגן ביימער צו דר'ערד;
עס טרייבן אים פון הינטן
אַנדערע ווינטן,
ווינטן געטריבענע פון באַרג צו וואַלד
מיט רוגזה, מיט געוואַלד.
איבער אַלע וויסטע פעלדער, איבער אַלע פינצטערע וועגן,
וואָס וועלן זייער ציל געפינען,
ווי אַלץ, וואָס לעבט — געפינט.
און דער רעגן, דער רעגן,
מוז פאַלן, כדי די גראָזן זאָלן קאָנען גרינען —
טאָ שרעק זיך נישט מיין קינד.

צו דער קילקייט פון דער נאַכט,
וואָס רינט אַראָפּ פון אונזער דאַך,



צו די ביימער, צו דעם רעגן
און צו אַלע וועגן,
וואָס ווייסן, וואַהין זיי פירן,
עפן די פענצטער און די טירן,
לאָז אַריין דעם ווינט,
דעם בליץ און די ריחות פון גראָזן
און זינג:
געלויבט איז דער,
וואָס הייסט די ווינטן בלאָזן.

## ייִדישע פּראָווינץ

פֿאַרצווייפֿלט לויפֿן געסלעך ענג און קרום.
די שטיבער הענגען אין דער לופֿט. אַ ליאַדע ווינט — זיי פֿאַלן אום.

די פֿענצטער — קליין. די אַלקערס — שמאָל.
און אין די אַלקערס — אַלטע יידן פֿון אַמאָל.

עס פֿאַלן שטיקער פֿון די ווענט. עס האַלט זיך קוים דער דאַך.
„מען דאַרף אים פֿאַריכטן" — טראַכטן די זיידעס ביינאַכט.

זיי טראַכטן און טראַכטן און שלאָפֿן־איין.
די לבנה פֿאַרגלעט דעם צעבויגענעם דאַך מיט איר שיין.

אומהיימלעך שנאָרכט די באָבע אין אַלקער ביי דער וואַנט.
אַ פֿולער טאָפּ מיט לבנה שטייט אויף דער מילכיקער באַנק.

אָט זענען זיי, די זיידעס אונזערע, די טאַטעס און די מאַמעס,
וואָס געדענקען נאָך ביז היינט די לידלעך פֿון שולמית.

אָט זענען זיי, די אָפּגעמאַטערטע, פֿון אייביק זוכן און פֿון אייביק לויפֿן,
אָט זענען זיי, די אָפּגעמוטשעטע פֿון אייביק קויפֿן און פֿאַרקויפֿן.

עס שפּרייטן זיך פֿאַר זיי, אין שלאָף, די אַלטע וועגן,
די אַלע זומערס, מיט די בלאָטעס, מיט די רעגנס.

עס שווימען האַרבסטן, ס'שנייען ווינטערס, ס'גייען יאָרן...
אַ ייד דאַרף לעבן קאַרג, אַ ייד דאַרף שפּאָרן.

ווייל ווער עס וויל זיין כּבֿוד האַלטן,
דער מוז זיין מאָלצייט אין צווייען שפּאַלטן.



דער ווינט צעבלאָזט די שטערן, ווי גאָלדענעם מאָן.
עס קרייט אַ האָן. דער טאָג הויבט זיך אָן.

שטייען זיידעס, טאַטעס אויף אין פֿריער שעה
און זעען: די אַלטקייט איז דאָ.

גייען זיי אין שול אַריין מיט פּאַמעלעכע טריט
און נעמען מיט זיך זייער אַלטקייט מיט.

נאָר ווען זיי גייען פֿון שול אַרויס, זעען זיי: ס'גרינט דאָס גראָז.
שמייכלען די זיידעס און די טאַטעס, ווייל עס איז דאָ פֿאַרוואָס,

ווייל אונטער די גרינינקע ביימעלעך
שפּילן זיך משהלעך, שלמהלעך —

געלעכטערלעך דינע, ווי פֿידעלעך —
קליינטשיקע, מונטערע יידעלעך . . .

וועלן אַמאָל די קליינע יידעלעך ווערן גרויס און שטאַרק —
וועט מיט זיי קלינגען די גאַנצע שטאָט מיטן מאַרק,

וועלן די מונטערע שוועסטער, וועלן די פֿריילעכע ברידער
באַנייען די אַלטע, איינגעפֿאַלענע שטיבער.

ביינאַכט וועט בלאַנקען אין זון דער נייער דאַך
און פֿול מיט לבנה וועט ער גליען און פֿינקלען ביינאַכט...

# חנוכּה

חי אַלע יאָר: דער אָוונט טונקלט און עס שנייט,
מיר האָבן אָפּגעפּוצט דאָס לעמפּעלע מיט קרייד,
מיר האָבן צוגעשפּיצט דאָס ליכטל מיט אַ שער
און אויף דער שויב בליצט אויף אַ שנייעלע און פינקלט ווי אַ טרער.

און דאָס איז אַלץ. דאָס אַלץ און גאָרנישט מער.
איז דאָס דער נס — דאָס ליכטל און די טרער,
דאָס ליד, דער שניי, וואָס פאַלט אין גרויער שעה
אויף וועלטן וויסטע, וווּ דער בית־המקדש איז נאָך אַלץ נישטאָ?

איז שאָקלען מיר מיט ווייסע, שוואַרצע, רויטע בערד
אין פרעמדן שניי, אויף פרעמדער ערד.
די פינצטערניש איז גרויס, דאָס ליכטל קליין —
ווי קאָנען מיר דעם נס, דעם גרויסן נס פאַרשטיין?



# דוד המלכס נאַכט

ווען ס׳וועט די נאַכט דיין האַרפע שטיל באַרירן,
יועל איך אַ שטומער שטיין ביים שוועל פון טיר,
ווייל אַלע וועגן וועלן מיך פאַרפירן,
ווו האָב איך דען צו גיין, אַז נישט צו דיר.

בת־שבע שלאָפט. דו שמייכלסט קלוג און ביטער.
איצט שטאַרבט אין פעלד אוריה פאַר זיין לאַנד.
דיין האַרפע אָבער קלינגט און זינגט און ציטערט,
און ס׳שמעקט די נאַכט מיט נאַרדן און זאַפראַן.

בת־שבע שלאָפט. זינג ווייטער, סאָלאָוויען
פאַרזילבערן די נאַכט מיט זייער ליד.
אין נעץ פון זילבער מאַנדל־ביומער שטייען
מיט שטערן, ווי מיט זילבער־זאַמד, באַשיט.

איך שטיי ביים שוועל אַ שטילער און אַ שטומער.
כ׳הער: ס׳קראַכט דיין טורעם און עס פּלאַצט דיין שפּיז —
זינג אויס די גרויסקייט פונם לעצטן זומער
ווייל ס׳ברענט די ערד שוין, אונטער דיינע פיס.

דער גרויסער ווינט הויבט אָן דעם דאַך צו רייסן,
דער שונא שפּאַנט מיט שטאַרקע, שטאָלצע טריט —
איך זיץ אַ באָרוועסער ביים ברעג פון ווײ סל
און זינג מיר שטילערהייט דאָס ליד.

## אין שיינעם, ווייטן בודאפעשט...

דער אָוונט היילט די ווונדן, קילט און לעשט.
איך בין נאָך קיינמאָל נישט געווען אין בודאַפעשט —
און דאָך, כ׳ווייס אַלץ, וואָס ס׳טוט זיך דאָרט אַ יעדן טאָג:
מען עפנט די געוועלבער, מען ציטערט ביי דער וואָג,
די מילן גייען
די הינט בילן
פּראָפעסאָרן טראָגן אויף די שפּיצנעז ברילן
און זענען קריסטן.

אינדערפרי יאָגן די טראַמווייען —
פול געפּאַקט מיט אַרבעטער און קאַנצעליסטן —
זיי קלינגען אינם נעפּל פון די גאַסן, בלייבן שטיין ביי יעדן ראָג,
מען טראָגט אַראָפּ אַ מת פון פערטן שטאָק,
מען וויינט, מען ברעכט די הענט — — —
(ווען כ׳וואָלט אַריינגעקוקט אין קאַסטן, וואָלט איך זיך אַליין דערקענט)

אין אָוונט זאַמלט מען זיך ביי די טישן,
מען עסט, מען טרינקט, מען גייט אין קינאָ, אין טעאַטער,
מען הויבט די קאָרטן אָן צו מישן
און מען געווינט און פטרט
ס׳געלט, וואָס קלינגט און פינקלט אין עלעקטרי-שיין.



ביינאַכט זאָגט ער צו איר, אַז זי איז שיין,
און זי, זי שענקט אים שמייכלענדיק אַ גלעט —
ער העלפט איר אויסטון דעם גאָרסעט
מיט ציטערנדיקע הענט — — —
(ווען כ׳וואָלט אַריינגעקוקט אים אין די אויגן, וואָלט איך ז י ך
אַליין דערקענט)

און ווען ס׳ווערט פינצטער זינקט מען אינם שלאָף און מען פאַרגעסט,
אַז מ׳איז אין גרויסן, שיינעם, ווייטן בודאַפּעשט.

# אַ שמועס אין גאָרטן

אַ פריילן מיט פייכטע, ליכטיקע אויגן האָט מיך געפרעגט:
„ווי אַזוי טראַכט איר אויס די לידער אייערע?"
האָב איך געזאָגט: די לידער נעמען זיך, מיין טייערע,
פון שרעק — —

„זענט איר, הייסט עס, נישט קיין דרייסטער?" האָט זי מיך ווייטער געפרעגט
און געקוקט אַרויף, ווו ס'האָט די זון געגליט.

— פון שרעק, פון שרעק קומט אַ ליד —
און שרעק קומט פון ליבע צו אייערע שטערבלעכע אויגן,
פון ליבע צום גראָז, צום פלויט, צום פויגל,
פון ליבע צו טעפּ, צו שויבן, צו ווענט,
צו אַלץ, וואָס בלייבט איבער נאָך שטערבלעכע הענט,
צו אַלץ, וואָס פאַרשווינדט — —

און לידער טראַכט מען נישט אויס, מיין קינד,
ווי ס'טראַכט אַ מענטש נישט אויס זיין געשריי —
לידער קומען אַליין,
ווען ס'טוט וויי — —
זיי קומען, ווי רעגן, ווי שניי
און אַמאָל, ווי אַ ווינט,
וואָס בּאַרוישט די ביימער — און פאַרשווינדט — — —
— — — — — — — — — — — — — —
זי האָט אויף מיין האַנט אַרויפגעלייגט איר האַנט
און געגראָבן מיטן קליינעם פוס אין זאַמד...



# מיין גאַנג

איך האָב געזינדיקט און איך זינדיק נאָך אַסאַך
מיט ווערטער שיינע, ווי אַ גרינע זומער-נאַכט.
נאָר כ'מאַטער זיך ביז שפּעט און כ'בין שוין מיד
פון זוכן גרויע פשטות פאַר מיין ליד.

ווייל סוף-כּל-סוף: איך זוך אַ וועג צו דיר —
מיין טרויעריק ליד דאָס איז מיין שליסל צו דיין טיר.
צו הערסטו נישט, ווי כ'קלאַפּ צו דיר אין ווייסע נעכט,
צו דיר, וואָס ביסט דורך פּיין און טויט גערעכט?

אָ, ווי איך רוף און בעט ביים גרויען שוועל פון הויז;
אָ, אומבּאַקאַנטער, הער מיך אויס און קום אַרויס
צו וואַרטסטו אויך, ווי איך אויף מאָרגן-רויט,
צו פּייניקט דיך ווי מיך די שרעק פאַר טויט?

אָ, ענטפער מיר און קום און זאָג און טרייסט,
עס האָט נאָך קיינער אונז נישט אויסגעלייזט
מיר זענען אַלץ אַליין נאָך, אַך, אַליין
מיט אונזער אומרו און מיט אונזער פּיין...

איז בלייבט אונז איבער נאָר דאָס וואָרט וואָס אונז פאַרבינדט,
אַ בלויער ווינט, וואָס יאָגט דעם צווייטן ווינט,
אַ פּיינלעך, זיסע, אומעטיקע טרייסט
פאַר די, וואָס ווערן קיינמאָל נישט דערלייזט.

איך מאַטער זיך ביז שפּעט און כ'בין שוין מיד
פון זוכן גרויע פשטות פאַר מיין ליד.

## משה-לייב, משה-לייב...

משה-לייב, משה-לייב, ווּ ביסטוּ?
די דאַמע, וועגן וועלכער דוּ האָסט אַזוי קלוּג פאַנטאַזירט,
איז געקוּמען צוּ דיר — — —

דעם ווייַדנס שיקסל
שטייט מיט אויגן אָפענע ביים ים און וואַרט...
משה-לייב, משה-לייב, זיי נישט איינגעשפּאַרט...

קריך אַראָפּ פוּן בוים און לאָז צוּ רוּ די שטערן —
זיי וועלן אַנדערש שוין נישט ווערן —
אין קוני-איילאַנד טאַנצט די אוּמבאַקאַנטע פרוי
און די פּרינצעסין לאַכט אַראָפּ פוּן קאָרטן
און ס'וויינט אין איינזאַמען פּאַלאַץ דער לאָרד,
דער לאָרד מיט דער ווייסער באָרד...
משה-לייב, משה-לייב, ווּ ביסטוּ?

אָ, גינגילי...
וואָס וויל די ערד פוּן דיר?
אָ גינגילי,
אַווּ האָט דיך דער טויט פאַרפירט?
אויף כוואַליעס טאַנצנדיקע האָסטוּ אים געזען
און דאָס איז געווען אַזוי אַרוּם צען — — —

משה-לייב, משה-לייב, ווּ ביסטוּ?...



## דאָס גליק פוּן געזאַנג

עס איז באמת נישט וויכטיק, וואָס עס וועט זאָגן הער איקס.
שיין איז דאָס גראָז און זיס איז דאָס גליק
פוּן געזאַנג.

עס טוּט מיר נישט באַנג
די שלאָפלאָזע נאַכט, וואָס שווימט איצט אַוועק
צוּם אויפגאַנג, וואָס גליט ביי אַ גאָלדענעם ברעג.
אַ וואָרט צוּ אַ וואָרט, פּוּנקט ווי ציגל צוּ ציגל,
מיט גראַמען מיט פעסטע, ווי אייזן פאַריגלט —
אַ היים פאַר מיין טרויער, פאַר פרייד מיין — אַ הויז
איך גיי אַריין און אַרויס.

עס בליט די זוּן אויף טירן, פענצטער און אויף ווענט.
אָט איז מיין היים, ווי כ'בין קיינמאָל נישט פרעמד.
איך האָב שוין אַפילוּ דאָס מעבל צעשטעלט.
כ'האָב אויסגעקערט, ס'איז ריין.
און ווען עס וועט מיר שלעכט זיין אויף דער וועלט,
האָב איך אַהיים.

איז באמת נישט וויכטיק, וואָס ס'וועט זאָגן הער איקס,
ווען ס'איז די אַרבעט איצט אין פוּלן גאַנג.
שיין איז דאָס גראָז און זיס איז דאָס גליק
פוּן געזאַנג.

# מיר איז אומעטיק

מיר איז אומעטיק.
כ׳לאָז אַראָפּ די הענט.
כ׳בויג אַראָפּ דעם קאָפּ.

איבער מיר — אַ לופט-שיף
אונטער מיר — אַ מעטראָ
אַרום מיר — טורבינען — — —

מיר איז אומעטיק.
איך גיי, איך גיי — — —
כאָטש כ׳ווייס, כ׳וועל גאָרנישט נישט געפונען.

איך גיי אַהיים:
די גאַסן שווימען מיר אַנטקעגן —
אומעטום — די זעלבע הייזער.
אומעטום — די זעלבע וועגן,
טויערן, מויערן, ווענט — —

מיר איז אומעטיק.
איך לאָז אַראָפּ די הענט.

ס׳איז אַלץ אָן מיר געווען,
ס׳וועט אַלץ אָן מיר געשען.

צו וואָס דאָס גיין,
צו וואָס דער געוויין...



נישט איך האָב דעם שליסל צו דער טיר.
גאָרנישט געהער דאָ מיר —

פון צימער צו צימער —
פון גאַס צו גאַס,
פון שטאָט צו שטאָט,
פון לאַנד צו לאַנד —

דער קאָפּ, דער קאָפּ
טרעפט שטענדיק אָן אַ וואַנט;
די וואַנט איז הויך,
נישט צום אַריבערשפּרינגען — —

מיר איז אומעטיק — —
פּרוּוו איך זינגען — —

זינג איך.
נישט וויכטיק צי ס׳וועט מיך ווער הערן.

הויכע נעכט שיטן מיט שטע[illegible],
וואַסערן גייען זייער אייביקן גאַנג
און מענטשן?

מענטשן האָבן נישט קיין צייט
און ווייסן נישט, אַז צייט האָט זיי.
און ווייסן נישט, אַז צייט
איז פייער, וואָס פאַרברענט — — -

מיר איז אומעטיק.
איך לאָז אַראָפּ די הענט.

# אינהאַלט